לידער פון די געטאָס און לאַגערן

# מיר זיינען דא

צוגעגרייט פון חנה מלאָטעק און מלכה גאָטליב

פאָרוואָרט פון אליעזר וויזעל



ISBN: ISBN:0-657-14888-1
Barcode/EAN: 9780657148881

Old Call #: 85962

אַרויסגעגעבן פון בילדונגס קאָמיטעט פון אַרבעטער־רינג

## TRANSLITERATION GUIDE

| | | As in | Example |
|---|---|---|---|
| **Vowels** | a | far | far |
| | e | bed | bet |
| | i | *is* | iz |
| | o | m*o*ther | dos |
| | u | f*u*ll | ful |
| **Diphthongs** | ay | wh*y* | zay |
| | ey | th*ey* | zey |
| | oy | b*oy* | boy |
| **Consonants** | kh | Blo*ch* | bukh |
| | sh | fi*sh* | fish |
| | ts | le*ts* | tsu |
| | y | *y*es | yo |
| | zh | mea*s*ure | azh |
| | tsh | su*ch* | pripetshik |

*In this volume Yiddish orthography and transliteration follow the rules formulated by the YIVO Institute for Jewish Research and adopted by the Library of Congress.*

**32. צו איינס, צוויי, דרײַ**

געשאַפֿן אין דער ווילנער געטאָ פֿונעם דיכטער לייב ראָזנטאַל (זע ליד איך בענק אַהיים), — אַ פֿאַרייִדישונג פֿון אַ ליד פֿון די פֿאַרמלחמהדיקע דײַטשע קאָנצענטראַציע־לאַגערן, געשריבן פֿון האַנס אײַסלער.

**33. עס שלאָגט די שעה**

אַ ליד וואָס איז געזונגען געוואָרן אין דער טעאַטער־רעווי משה האַלט זיך, געשפּילט אין דער ווילנער געטאָ אין סעפּטעמבער 1943. ווערטער פֿון כּתריאל ברוידאָ (זע ליד געטאָ). קאָמפּאָזיטאָר אומבאַקאַנט.

**34. שטיל די נאַכט**

געשריבן געוואָרן אין 1942, נאָך דעם ווי די ייִדישע פּאַרטיזאַנער איציק מאַצקעוויטש און וויטקע קעמפּנער האָבן אויפֿגעריסן אַ דײַטשן עשאַלאָן הינטער ווילנע. דער מחבר הירש גליק (1922־1944), איז געווען אַ דיכטער וואָס האָט געהערט צו דער יונגער גרופּע פּאָעטן יונגוואַלד פֿאַר דער מלחמה. הירש גליק איז פֿאַרשיקט געוואָרן אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער אין עסטלאַנד, ווו ער איז דערהרגעט געוואָרן פֿון די דײַטשן אין 1944. ער איז אויך דער מחבר פֿון אַ צאָל אַנדערע לידער, וואָס דאָס באַרימטסטע איז דער פּאַרטיזאַנער־הימען. קאָמפּאָזיטאָר פֿון שטיל די נאַכט אומבאַקאַנט.

**35.איציק וויטנבערג**

דער קאָמענדאַנט פֿון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אין ווילנע. ער איז אַרעסטירט געוואָרן פֿון דער געשטאַפּאָ דעם 16טן יולי 1943. אַ גרופּע פּאַרטיזאַנער האָבן אים אויפֿן וועג צו דער תּפֿיסה באַפֿרײַט. די געשטאַפּאָ האָט נאָך דעם אַרויסגעגעבן אַן אולטימאַטום צו דער ייִדישער באַפֿעלקערונג: איבערצוגעבן וויטנבערגן אין זייערע הענט, אויב נישט, וועלן זיי ליקווידירן די געטאָ און אומברענגען אַלע ייִדן. כּדי צו פֿאַרמײַדן די שחיטה האָט וויטנבערג זיך אַליין איבערגעגעבן אין די הענט פֿון דער געשטאַפּאָ, און ער איז פֿון זיי דערשאָסן געוואָרן. די געטאָ איז ליקווידירט געוואָרן עטלעכע חדשים שפּעטער, סעפּט׳ 1943. ווערטער זײַנען פֿון ש. קאַטשערגינסקי (זע פּרילינג)

**36. יוגנט־הימען**

געשאַפֿן געוואָרן פֿון ש. קאַטשערגינסקי (זע ליד פּרילינג), און איז געווען געווידמעט די קינדער־און יוגנט־קלובן אין ווילנער געטאָ. מוזיק פֿון באַסיע רובין.

**37. וואַרשע**

געשריבן געוואָרן פֿון ש. קאַטשערגינסקי (זע פּרילינג), צום ערשטן יאָרטאָג פֿונעם אויפֿשטאַנד אין דער וואַרשעווער געטאָ.

די מוזיק איז פֿון לעאָן ווײַנער (1898־), פּיאַניסט, לערער, קאָמפּאָזיטאָר, וואָס האָט איבערגעלעבט די מלחמה און איז געווען אַקטיוו אין ייִדישן קולטור־לעבן אין בוענוס־אײַרעס, אַרגענטינע.

**38. דאָס ליד פֿון אומבאַקאַנטן פּאַרטיזאַן**

געזונגען אין די געטאָס פֿון ווילנע און קאָוונע און אויך אין טראַנסניסטריע. עס איז אַ וואַריאַנט פֿון אַ פֿריִערדיק ליד וועגן דעם שפּאַנישן בירגערקריג. מחבר און קאָמפּאָזיטאָר — אומבאַקאַנט.

**39. זאָג נישט קיין מאָל**

הירש גליק (זע ליד שטיל די נאַכט) האָט דאָס ליד געשריבן אין דער ווילנער געטאָ און עס איז געוואָרן דער הימען פֿון די ווילנער פּאַרטיזאַנער און שפּעטער פֿון אַנדערע ייִדישע פּאַרטיזאַנער־גרופּעס און קעמפֿערס. די ווערטער זײַנען צוגעפּאַסט געוואָרן צו דער מוזיק פֿון רוסישן קאָמפּאָזיטאָר דמיטרי פּאָקראַס.

**40. עם ישׂראל חי**

געשאַפֿן געוואָרן אין אַ די.־פּי.־לאַגער פֿונעם דיכטער משה קנאַפּהײַס (1910־) ער לעבט איצט אין אַרגענטינע ווו ער גיט אַרויס דעם זשורנאַל אילוסטרירטע ליטעראַרישע בלעטער. דער קאָמפּאָזיטאָר איז ש. בערעזאָווסקי (1908־1977), אַ דיריגענט פֿון ייִדישע כאָרן און פֿון ייִדישן טעאַטער. ער האָט נאָך דער מלחמה געלעבט אין מדינת־ישׂראל, ווו ער איז ווײַטער געווען טעטיק אויף זײַן געביט.

(1943־1907), דיריגענט פונעם ייִדישן טעאַטער־אָרקעסטער אין ווילנער געטאָ, אומגעקומען בעת דער ליקווידאַציע פון געטאָ אין סעפּט' 1943.

### 21. דרעמלען פייגל

געשאַפן געוואָרן אין דער ווילנער געטאָ פון דער שרײַבערין און רעדאַקציע־מיטגליד פון ווילנער עמעס לאה רודניצקי (1943־1916). ווי איינע פון די פּאַרטיזאַנערינס קעגן די נאַציס איז זי געכאַפּט געוואָרן פון דער געשטאַפּאָ און אין סעפּט' 1943 פאַרשיקט געוואָרן קיין מאַידאַנעק ווו זי איז פאַרברענט געוואָרן. די ווערטער זײַנען צוגעפּאַסט געוואָרן צו דער מעלאָדיע פון אַ וויגליד ס'איז קיין ברויט אין שטוב נישטאָ נאָך (איזי כאַריק), מוזיק פון לייב יאַמפּאָלסקי.

### 22.דאָס עלנטע קינד

אַ ליד פון דיכטער ש. קאַטשערגינסקי (זע ליד פּרילינג) געווידמעט דעם קינד פון דער לערערין רחל פּופּקאָ־קרינסקי, וואָס איז אַוועקגעגעבן געוואָרן צו קריסטלעכע שכנים עס צו באַשיצן און דערציִען. דער קאָמפּאָזיטאָר — יאַנקל קרימסקי, אַקטיוו אין דראַמאַטישע קרײַזן פאַר דער מלחמה, איז אומגעקומען אין אַ לאַגער אין עסטלאַנד.

### 23.באַבי יאַר

געשריבן געוואָרן פון דעם ייִדיש־סאָוועטישן שרײַבער שיקע דריז (1971־1908), אין אָנדענק פון די מער ווי 100,000 מענטשן, ס'רוב פון זיי ייִדן, וואָס זײַנען דעם 29טן און 30טן סעפּטעמבער 1941 דערשאָסן געוואָרן פון די דײַטשן און זייערע אוקראַיִנישע אַרויסהעלפערס, הינטער קיִעוו. די מוזיק האָט געשאַפן די סאָוועטיש־ייִדישע קאָמפּאָזיטאָרין ריווע באַיאַרסקאַ (1894־1967). דאָס ליד האָבן מיר צום ערשטן מאָל געהערט זינגען אויף אַ פּלאַטע די זינגערין נחמה ליפשיץ, פון וואַנען מיר האָבן עס איבערגעשריבן און עס ווערט איצט געזונגען אויף יזכור־פאַרזאַמלונגען.

### 24. נישט קיין ראָזשינקעס און נישט קיין מאַנדלען

געשריבן געוואָרן אין דער לאָדזשער געטאָ פון ישעיה שפּיגל, מוזיק פון דוד בייגלמאַן (זע ליד מאַך צו די אייגעלעך).

### 25. יעדער רופט מיך זשאַמעלע

מחבר אומבאַקאַנט. מוזיק פון ב. פּייער. געזונגען געוואָרן פון דעם 8־יאָריקן יתום ירמיהו אַרבוז אין 1945, אין יתומים־הויז אין לובלין.

### 26. מאַטעלע פון וואַרשעווער געטאָ

געשריבן אין דער וואַרשעווער געטאָ פון ראובן ליפשיץ (זע ליד דער הויפזינגער פון וואַרשעווער געטאָ).

### 27. אונטער די פּוילישע גרינינקע ביימעלעך

אַ ליד פון דעם דיכטער יוסף פּאַפּיערניקאָוו (1899) געבאָרן אין וואַרשע און עולה געווען קיין פּאַלעסטינע, ווו ער איז געוואָרן איינער פון די פּיאָנערן פון דער ייִדישער ליטעראַטור אין ישׂראל. די מעלאָדיע האָט געשאַפן דער קאָמפּאָזיטאָר און חזן ישׂראל אַלטער (1979־1901), פּראָפעסאָר פון חזנות אין דער היברו יוניאָן קאַלעדזש אין ניו־יאָרק. דאָס ליד ווערט געזונגען אויף יזכור־פאַרזאַמלונגען.

### 28. אַ ייִדיש קינד

געשאַפן געוואָרן אין דער געטאָ שאַוול, ליטע, נאָך דער שחיטה וואָס די דײַטשן און ליטווינער האָבן דורכגעפירט אין מאַרץ 1943 אויף די קינדער אין די ליטווישע געטאָס און לאַגערן. די שרײַבערין חנה חייטין איז פאַרשיקט געוואָרן אין דײַטשן קאָנצענטראַציע־לאַגער אין שטוטהאָף. זי האָט איבערגעלעבט דעם חורבן און זי לעבט איצט אין ניו־יאָרק, ווו זי פאַרעפנטלעכט פון צײַט צו צײַט לידער און פעליעטאָנען אין פאָרווערטס.

### 29, אני מאמין

ייִדן אין דער וואַרשעווער געטאָ האָבן דאָס ליד געזונגען ווען מען האָט זיי געפירט צום טויט.

### 30.מינוטן פון בטחון

איינע פון די לידער פון דער האָפענונג און נקמה, וואָס דער פאַלקסדיכטער מרדכי געבירטיג (זע ליד עס ברענט) האָט געשאַפן אין קראָקע אין אָקטאָבער 1940.

### 31. פאַר וואָס איז דער הימל

געשאַפן געוואָרן אין דער ווילנער געטאָ פון לייב אָפּעסקין (1944־1908), איינער פון די גרינדערס פון דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג אין ווילנע. ער איז דערשאָסן געוואָרן אַ טאָג פאַר דער באַפרײַונג פון ווילנע. קאָמפּאָזיטאָר — אומבאַקאַנט.

געוואָרן. די ווערטער און מעלאָדיע זײַנען אַדאַפּטירט געוואָרן פון ה.ד. נאָמבערגס באַקאַנט ליד ס׳לויפן ס׳יאָגן וועגן גורל פון פאַרשיקטע ייִדישע רעוואָלוציאָנערן אין צאַרישן רוסלאַנד.

**12. טרעבלינקע**

אַ ליד וואָס איז געזונגען געוואָרן אין דער געטאָ פון ביאַלע פּאָדלאַסק. מחבר און קאָמפּאָזיטאָר — אומבאַקאַנט.

**13. עס וועט זיך פון צווײַגל צעבליִען אַ בוים**

אַ ליד פון דער ווילנער געטאָ, געשריבן פון כתריאל ברוידאָ (זע ליד, געטאָ). די מוזיק איז פון יאַנקל טרופּיאַנסקי (1909־1944), אַ מוזיק־לערער און קאָמפּאָזיטאָר אין די ייִדישע שולן אין ווילנע און אין דער מעדעם־סאַנאַטאָריע, מיעדזעשין, בײַ וואַרשע. ער איז פון דער ווילנער געטאָ דעפּאָרטירט געוואָרן אין אַן אַרבעטס־לאַגער אין עסטלאַנד און שפּעטער אומגעבראַכט געוואָרן אין אַ דײַטשן קאָנצענטראַציע־לאַגער.

**14. פּרילינג**

איינע פון דער גרויסער צאָל לידער וואָס דער דיכטער שמערקע קאַטשערגינסקי (1908־1954) האָט געשאַפן אין דער ווילנער געטאָ און שפּעטער אין דער פּאַרטיזאַנער־גרופּע אין וועלכער ער האָט זיך אַנגעשלאָסן נאָך דער ליקווידאַציע פון געטאָ אין 1943. נאָך דער מלחמה האָט קאַטשערגינסקי אויפגעקליבן הונדערטער לידער, געשאַפן געוואָרן אין די געטאָס און לאַגערן און זיי אַרויסגעגעבן אין אַ בוך. ער איז אומגעקומען אין אַן עראָפּלאַן־קאַטאַסטראָפע אין דרום־אַמעריקע.

מוזיק איז פון אַברהם ברודנאָ, וואָס איז, נאָך דער ליקווידירונג פון געטאָ אין סעפּטעמבער, 1943, דעפּאָרטירט געוואָרן אין אַ דײַטשן קאָנצענטראַציע־לאַגער אין עסטלאַנד, ווו ער איז געשטאָרבן.

**15. צי דאַרף עס אַזוי זײַן**

געשריבן אין דער ווילנער געטאָ פון כתריאל ברוידאָ (זע ליד געטאָ). קאָמפּאָזיטאָר אומבאַקאַנט.

**16. שטילער, שטילער.**

אַ ליד פון דער ווילנער געטאָ פאַר וועלכן דער 11־יאָריקער מוזיקער אַלעקס וואָלקאָוויסקי האָט געוווּנען דעם ערשטן פּרײַז אין אַ קאָנטעסט פאַר דער שענסטער מעלאָדיע. שמערקע קאַטשערגינסקי האָט נאָך דעם געשריבן די ווערטער און דאָס ליד איז געוואָרן זייער פּאָפּולער. וואָלקאָוויסקי לעבט איצט אין מדינת־ישׂראל און איז באַקאַנט ווי אַ קאָמפּאָזיטאָר אונטערן נאָמען תמיר.

**17. אונטער דײַנע ווײַסע שטערן**

דער באַקאַנטער דיכטער אַברהם סוצקעווער (1913־) האָט געשריבן דאָס ליד אין דער ווילנער געטאָ און ס׳איז צום ערשטן מאָל געזונגען געוואָרן אויף דער טעאַטער־פאָרשטעלונג אין דער געטאָ די יאָגעניש אין פּאַס. נאָך דער ליקווידאַציע פון געטאָ האָט סוצקעווער זיך אָנגעשלאָסן אין די פּאַרטיזאַנער־גרופּעס אין די וועלדער אַרום ווילנע. ער האָט איבערגעלעבט די מלחמה און ער לעבט איצט אין מדינת־ישׂראל, ווו ער איז דער רעדאַקטאָר פון דעם פּרעסטיזשפולן ליטעראַרישן זשורנאַל **די גאָלדענע קייט**, אַרויסגעגעבן פון הסתדרות. די מעלאָדיע איז פון א. ברודנאָ (זע ליד פּרילינג).

**18. קדיש**

איינע פון די פיל חורבן־לידער און פּאָעמעס אין וועלכע דער באַקאַנטער דיכטער ז. סעגאַלאָוויטש (1884־1949) האָט באַוויינט דעם אומקום פון די זעקס מיליאָן קדושים. סעגאַלאָוויטש איז נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה געווען אַ פּליט אין ווילנע און קאָוונע, פון וואַנען ער איז אַוועק קיין ישׂראל. נאָך דער מלחמה האָט ער געלעבט און געשאַפן אין ניו־יאָרק. די מעלאָדיע האָט געשאַפן דער ייִדיש־אַמעריקאַנער קאָמפּאָזיטאָר בען יאָמען (1901־1969).

**19. מאַך צו די אייגעלעך**

געשאַפן געוואָרן אין דער לאָדזשער געטאָ פונעם דיכטער און פּראָזאַיִקער ישעיה שפּיגל (1906) וואָס האָט איבערגעלעבט די לײַדן אין דער געטאָ און אוישוויץ. פון 1950 לעבט ער אין מדינת־ישׂראל, ווו ער איז אָנערקענט ווי איינער פון די וויכטיקסטע ייִדישע שרײַבערס. די מוזיק האָט געשאַפן דוד בייגלמאַן (1887־1944), אַ באַקאַנטער קאָמפּאָזיטאָר פאַרן ייִדישן טעאַטער פאַר דער מלחמה. ער איז אומגעקומען אין די גאַזקאַמערן פון טרעבלינקע.

**20. ישׂראליק**

דאָס ליד איז צום ערשטן מאָל געזונגען געוואָרן אויף דער צווייטער עפנטלעכער טעאַטער־פאָרשטעלונג אין דער ווילנער געטאָ, אין פעברואַר, 1942. דער מחבר איז לייב ראָזענטאַל (זע ליד **איך בענק אַהיים**). דער קאָמפּאָזיטאָר — מישאַ וועקסלער

## נאָטיצן וועגן די מחברים און קאָמפּאָזיטאָרן

### 1. עס ברענט

דאָס ליד וואָס זאָגט נביאיש אָן דעם חורבן און אומקום פון פּוילישן ייִדנטום, איז געשאַפן געוואָרן פון דעם פאָלקסדיכטער מרדכי געבירטיג (1877־1942) נאָך דעם פּאָגראָם אין פּוילישן שטעטל פשיטיק אין יאָר 1938. עס איז שפּעטער געזונגען געוואָרן אין די געטאָס פון פּוילן און איז עד־היום איינע פון די לידער וואָס ווערן געזונגען אויף אַלע יזכּור־פאַרזאַמלונגען.

מרדכי געבירטיג איז פאַר דער מלחמה געווען אַ פּאָפּולערער פאָלקסדיכטער, וועמענס לידער עס זײַנען געזונגען געוואָרן בכל תּפוצות ישׂראל. ווען די דײַטשן האָבן פאַרנומען קראָקע האָט ער זיך געראַטעוועט, צוזאַמען מיט זײַן משפּחה, אין דערבײַיִקן שטעטל לאַגעווניקי, ווו ער האָט ווײַטער געשאַפן לידער פון האָפענונג און נקמה. סוף 1941 האָבן אים די דײַטשן צוריק פאַרטריבן אין קראָקעווער געטאָ, ווו זיי האָבן אים דערשאָסן דעם 4טן יולי, 1942.

### 2. געהאָט האָב איך אַ היים

מרדכי געבירטיג (זע ליד עס ברענט) האָט געשריבן דאָס ליד אין לאַגעווניקי אין מײַ 1941. די מוזיק האָט געשאַפן דער זינגער און קאָמפּאָזיטאָר עמיל גאָראָוועץ (געב׳ 1926) וואָס איז אַוועק פון סאָוועט־רוסלאַנד אין יאָר 1974 און ער לעבט איצט אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

### 3. ווו אַהין זאָל איך גיין

געשאַפן געוואָרן פאַר דער מלחמה, דאָס ליד ווערט צוגעשריבן צום אַקטיאָר און קופּלעטן־שרײַבער פאַרן ייִדישן טעאַטער ס. קאָרענטײַער. ער איז אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ אין יאָר 1942. די מעלאָדיע ווערט צוגעשריבן דעם מוזיקער אָסקאַר סטראָק. דאָס ליד, אין פאַרשיידענע וואַריאַנטן, איז געזונגען געוואָרן אין אַ צאָל געטאָס אין פּוילן.

### 4. גיב אַ ברכה צו דײַן קינד

אַ ליד, וואָס איז געזונגען געוואָרן פון דעפּאָרטירטע ייִדן פון קראָקע אין מעזריטש פּאָדלאַסק און אין געטאָ פון באָכניע אין יאָר 1941. מחבר און קאָמפּאָזיטאָר — אומבאַקאַנט.

### 5.מײַן מאַמע האָט געוואָלט זײַן אויף מײַן חתונה

פון דעם ייִדיש־סאָוועטישן דיכטער דוד בראָמבערג (1915). די מוזיק איז פון עמיל גאָראָוועץ (זע ליד, געהאַט האָב איך אַ היים).

### 6. איך בענק אַהיים

איז געשריבן געוואָרן אין דער ווילנער געטאָ. דער דיכטער איז לייב ראָזענטאַל (1916־1941), וואָס איז געווען דער מחבר פון אַ צאָל לידער און רעווי־פאָרשטעלונגען פאַר דעם געטאָ־טעאַטער. ער איז אין יאַנואַר 1945 דערטרונקען געוואָרן פון די דײַטשן אין דעם באַלטישן ים, בײַ קעניגסבערג. קאָמפּאָזיטאָר אומבאַקאַנט.

### 7. געטאָ

דאָס ליד איז געשריבן געוואָרן פון כּתריאל ברוידאָ (1907־1945), שרײַבער און דירעקטאָר פון ייִדישן רעווי־טעאַטער און קאָנצערטן אין דער ווילנער געטאָ. ער איז אַרעסטירט געוואָרן פון דער געשטאַפּאָ און פאַרשיקט געוואָרן אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער אין לעטלאַנד. אין 1945 איז ער טראַנספּערירט געוואָרן קיין דײַטשלאַנד און, צוזאַמען מיט אַנדערע הונדערטער ייִדן, דערטרונקען געוואָרן אין באַלטישן ים בײַ קעניגסבערג.

### 8. פרויען

איז געשאַפן געוואָרן אין ווילנער געטאָ פון כּתריאל ברוידאָ (זע ליד געטאָ). קאָמפּאָזיטאָר אומבאַקאַנט.

### 9.רבקהלע די שבתדיקע.

נאָך דעם טראַגישן שבת פון 12טן יולי, 1942, ווען די דײַטשן האָבן אַרעסטירט פינף טויזנט ייִדישע מענער און זיי דערשאָסן, איז דאָס ליד געשאַפן געוואָרן אין דער ביאַליסטאָקער געטאָ. די פרויען־אלמנות האָט מען אין געטאָ גערופן "די שבתדיקע". דער מחבר פסח קאַפּלאַן, (1870־1943) איז געווען אַ דיכטער, קאָמפּאָזיטאָר, און רעדאַקטאָר פון דער טאָג־צײַטונג דאָס נײַע לעבן. ער איז אומגעקומען אין דער ביאַליסטאָקער געטאָ אין יאָר 1943.

### 10. דער הויפזינגער פון וואַרשעווער געטאָ

דאָס ליד איז געשריבן געוואָרן פון ראובן ליפשיץ (1918־1975), מחבר פון אַ ביכל לידער, געשריבן אין דער וואַרשעווער געטאָ און אין אַ די־פּי־לאַגער און מינכן. ער האָט איבערגעלעבט די מלחמה און געוווינט און שיקאַגאָ.

### 11. דאָס ליד פון בוג

געשאַפן און געזונגען געוואָרן אין טראַנסניסטריע, וווּהין די דײַטשן און זייערע רומענישע אַרויסהעלפערס האָבן פאַרשיקט טויזנטער ייִדן פון רומעניע און דאָרט זײַנען זיי אומגעבראַכט

## Bibliography ביבליאָגראַפיע

אײַזמאַן, יהודה.
ממעמקים... פאָלקסלידער פון לאַגערס און געטאָס אין פוילן. בוקאַרעשט: ביבליאָטעק החלוץ, 1945.

געבירטיג, מרדכי.
ס'ברענט, 1939־1942. קראָקע: וואָיעוואָדישע ייִדישע היסטאָרישע קאָמיסיע, 1946.

פעדער, זאַמי.
זאַמלונג פון קאָצעט און געטאָ לידער, מיט דער רעדאַקציאָנעלער מיטהילף פון פּ. טרעפּמאַן און ד. ראָזנטאַל. בערגן־בעלזן: צענטראַלער ייִדישער קאָמיטעט, 1946.

צענטראַל־קאָמיטעט פון ייִדן אין פוילן. אונדזער געזאַנג. מוזיקאַלישע רעדאַקציע: לעאָן ווײַנער. וואַרשע, 1947.

**Spector, Johanna.**
**Ghetto — Und Kz-Lieder Aus Lettland Und Litauen.** Vienna: AJDC, 1947.

קאַטשערגינסקי, שמערקע.
דאָס געזאַנג פון ווילנער געטאָ. באַאַרבעט פון עדה עבערמאַן־פרידמאַן און דוד באָטווינוק. פּאַריז: פאַרבאַנד פון ווילנער ייִדן אין פראַנקרײַך, 1947.

קאַטשערגינסקי, ש.
לידער פון געטאָס און לאַגערן. רעדאַקטירט פון ה. לייוויק. ניו־יאָרק: ציקאָ, 1948.

ניגער, ש.
קידוש השם. ניו־יאָרק: לויִס לאַמעד פאָנד דורך ציקאָ, 1948.

**Songs Of The Concentration Camps.** From the Repertoire of Emma Shaver. Arranged by Lazar Weiner, 1948.

ליפשיץ, ראובן.
צו זינגען און צו זאָגן. מינכן, 1949.

פרגר, משה. מן המצר קראתי. שירי היגטאות, מחנות העבודות, חצרות המוות, הפרטיזנים הנקם והקרב. ירושלים: הוצאת מוסד הרב קוק, 1954.

ייִדישער פאָלקלאָר. נומער 1. ניו־יאָרק: י״ל כהן — פאָלקלאָרקלוב בײַם ייִוואָ, יאַנואַר, 1954.

סעקולעץ, עמיל.
ייִדישע פאָלקס־לידער. בוקאַרעשט: מוזיק־פאַרלאַג פון דעם קאָמפּאָזיטאָרן־פאַרבאַנד פון דער ר(ומענישער) פ(אָלקס) ר(עפּובליק), 1959.

פּופּס, רוטע. דאָס ליד פון געטאָ. וואַרשע: פאַרלאַג ייִדיש בוך, 1962.

**Rubin, Ruth.**
**Jewish Folksongs in Yiddish and English.** New York, 1965.

מלאָטעק, חנה און מלכה גאָטליב.
25 געטאָ־לידער מיט מוזיק און טראַנסליטעראַציע. צייכענונגען: צירל וואַלעצקי, ניו־יאָרק: בילדונגס־קאָמיטעט פון אַרבעטער־רינג, 1968.

## The Jewish People Live

Open door and open portal,
It's enough, let's not be mournful,
With flags unfurled and freedom's torch held high.
From the burrow, from the bunkers,
Going onward's what we long for,
While proclaiming: Am Yisroel Khay!

Once again our lives are thriving,
It's our answer for surviving,
Our response to everything gone by;
Put a boulder on a boulder,
Placed above us winglike shoulders
Has our future: Am Yisroel Khay!

Again the sunshine's ours,
Through tears our joy returns,
To life now, sisters, brother,
Our presence we affirm!

All the terror that existed
Bravely faced, our hope persisted,
Ghetto, death camp, full of pain and cries!
Jewish folk alive remaining
And once more our song containing
Our message: Am Yisroel Khay!

Yiddish language, mother language,
Was not silenced, dear its usage,
Stripped of pain, we know it will not die.
From the ashes, houses, spires,
Like a flag we held it higher,
We have done so: Am Yisroel Khay!

Again the sunshine's ours...

Who's to hammer, who's to shovel,
Come on, fiddler, play your fiddle,
It wrings the heart and makes the spirit fly. . .
Mothers smile their children rocking,
Sing this song, their crying stopping,
Children sleep too: Am Yisroel Khay!

To the hoe and to the ploughshare,
Miracles will be performed here,
Add a hand and your devotion give,
While we all are here together,
Though we part, and paths may sever,
Sing with me: the Jewish people live!

Again the sunshine's ours...



Con spirito

GM DM

E-fnt tir un e-fnt toy-er, Shoyn ge-nug, ge-nug der troy-er,
O-pen door and o-pen por-tal, It's e-nough, let's not be mourn-ful,

Bb C7 F

Mit fo-nen-fla-ter shpant a-tsind di fray.
With flags un-furled and free-dom's torch held high.

DM GM A7 DM

Fun di bun-kers, fun di le-kher, Shtay-gn ve-in mir alts he-kher,
From the bur-row, from the bunk-ers, Go-ing on-ward's what we long for,

Bb GM DM

Vayl mir zo-gn: am yis-ro-el khay!
While pro-claim-ing: Am Yis-ro-el Khay!

F C7 F

Vi-der oyf-geyn vet dos le-bn Un der-mit a ti-kn ge-bn
Once a-gain our lives are thriv-ing, It's our an-swer for sur-vi-ving,

GM C7 F

Ve-in mir dos alts vos iz far-bay:
Our re-sponse to e-very-thing gone by;

DM GM A7 DM

Leyg a tsi-gl tsu a tsi-gl, I-ber undz ge-shpreyt di fli-gl
Put a boul-der on a boul-der, Placed a-bove us wing-like shoul-ders

Bb GM DM

Hot der goy-rl — am yis-ro-el khay!
Has our fu-ture: Am Yis-ro-el Khay!

F D7 GM

Es shaynt di zun shoyn vi-der Durkh tre-rn shaynt dos glik, Tsum
A-gain the sun-shine's ours, _ Through tears our joy Re-turns, To

C F A7 DM

le-bn shves-ter, bri-der, Mir ke-rn zikh tsu-rik!
life now, sis-ters, bro-thers, Our pre-sence we af-firm!

(Continued)

## Am Yisroel Khay!

Efnt tir un efnt toyer,
Shoyn genug, genug der troyer,
Mit fonen-flater shpant atsind di fray.
Fun di bunkers, fun di lekher
Shtaygn veln mir alts hekher,
Vayl mir zogn: Am yisroel khay!

Vider oyfgeyn vet dos lebn
Un dermit a tikn gebn
Veln mir dos alts vos iz farbay;
Leygt a tsigl tsu a tsigl,
Iber undz geshpreyt di fligl
Hot der goyrl — Am yisroel khay!

Es shaynt di zun shoyn vider,
Durkh trern shaynt dos glik,
Tsum lebn shvester, brider,
Mir kern zikh tsurik!

Vifl shrek s'iz nor faranen
Heldish zaynen mir oysgeshtanen,
Getos, lagers ful mit payn-geshrey!
Yidish folk geblibn ze'mir
Un s'vet vider undzer zemer
Vayt farklingen: Am yisroel khay!

Yidish-loshn, mame-loshn
Nit farshtumt un nit farloshn
Oysgesheylt iz shoyn fun payn un vey.
Fun di ashn, fun di shtoybn,
Vi a fon aroysgehoybn,
Hobn mir es — Am yisroel khay!

Es shaynt di zun shoyn vider...

Ver tsum hamer,
Ver tsum ridl,
Nem zikh klezmer
Tsu dayn fidl,
S'zol baym harts
A tsup ton, ot azoy. . .
Shmeykhlen mames iber vign
Un farvign mit dem nign
Zeyere kinder: Am yisroel khay!

Tsu der sher, tsum akerayzn,
Vunder veln mir nokh vayzn,
Leygt zhe ale tsu a hant getray,
Kol-zman mir shteyen nokh
Baym rand do
Eyder ir geyt zikh funander
Zingt zhe mit mir: Am yisroel khay!

Es shaynt di zun shoyn vider...

## עם ישׂראל חי

עפנט טיר און עפנט טויער,
שוין גענוג, גענוג דער טרויער,
מיט פאָנען־פלאַטער שפּאַנט אַצינד די פרייַ.
פון די בונקערס, פון די לעכער,
שטייַגן וועלן מיר אַלץ העכער,
ווייַל מיר זאָגן: עם ישׂראל חי!

ווידער אויפגיין וועט דאָס לעבן,
און דערמיט אַ תּיקון געבן
וועלן מיר דאָס אַלץ וואָס איז פאַרבייַ;
לייגט אַ ציגל צו אַ ציגל,
איבער אונדז געשפּרייט די פליגל
האָט דער גורל — עם ישׂראל חי!

עס שייַנט די זון שוין ווידער,
דורך טרערן שייַנט דאָס גליק,
צום לעבן, שוועסטער, ברידער,
מיר קערן זיך צוריק!

וויפל שרעק ס׳איז נאָר פאַראַנען
העלדיש זייַנען מיר אויסגעשטאַנען,
געטאָס, לאַגערס פול מיט פּייַן־געשריי!
ייִדיש־פאָלק געבליבן זע׳ מיר
און ס׳וועט ווידער אונדזער זמר
ווייַט פאַרקלינגען: עם ישׂראל חי!

ייִדיש־לשון, מאַמע־לשון,
ניט פאַרשטומט און ניט פאַרלאָשן,
אויסגעשיילט איז שוין פון פּייַן און וויי.
פון די אַשן, פון די שטויבן,
ווי אַ פאָן אַרויסגעהויבן
האָבן מיר עס — עם ישׂראל חי!

עס שייַנט די זון שוין ווידער...

ווער צום האַמער,
ווער צום רידל,
נעם זיך קלעזמער
צו דייַן פידל,
ס׳זאָל בייַם האַרץ
אַ צופּ טאָן, אָט אַזוי...
שמייכלען מאַמעס איבער וויגן
און פאַרוויגן מיט דעם ניגון
זייערע קינדער:עם ישׂראל חי!

צו דער שער, צום אַקעראייַזן,
וווּנדער וועלן מיר נאָך ווייַזן.
לייגט זשע אַלע צו אַ האַנט געטרייַ,
כּל זמן מיר שטייען נאָך
בייַם ראַנד דאָ
איידער איר גייט זיך פונאַנדער
זינגט זשע מיט מיר, עם ישׂראל חי!

עס שייַנט די זון שוין ווידער...

This song was written by M. Knapheise (1910–), poet who survived the war in Russia and now resides in Argentina where he edits a Yiddish literary magazine. The music is by S. Beresovsky (1908–1975). The song was written after the Holocaust and was sung in the Displaced Persons camps in Europe.

*Con Spirito*

Zog nit keyn mol az du geyst dem lets-tn veg,
Ne-ver say this is the fi-nal road for you,

Khotsh him-len blay-e-ne far-shte-ln bloy-e teg.
Though lead-ened skies may co-ver o-ver days of blue.

Ku-men vet nokh un-dzer oys-ge-benk-te sho,
As the ho-ur that we longed for is so near,

S'vet a poyk ton un-dzer trot: mir zay-nen do!
Our ___ step beats out the mes-sage: we are here!



## Zog Nit Keyn Mol / זאָג ניט קיין מאָל!

Zog nit keyn mol az du geyst dem letstn veg,
Khotsh himlen blayene farshteln bloye teg.
Kumen vet nokh undzer oysgebenkte sho–
Es vet a poyk ton undzer trot–mir zaynen do!

Fun grinem palmenland biz vaysn land fun shney,
Mir kumen on mit undzer payn, mit undzer vey,
Un vu gefaln s'iz a shprits fun undzer blut,
Shprotsn vet dort undzer gvure, undzer mut.

Es vet di morgnzun bagildn undz dem haynt,
Un der nekhtn vet farshvindn mitn faynd,
Nor oyb farzamen vet di zun in dem kayor–
Vi a parol zol geyn dos lid fun dor tsu dor.

Dos lid geshribn iz mit blut un nit mit blay,
S'iz nit keyn lidl fun a foygl af der fray,
Dos hot a folk tsvishn falndike vent
Dos lid gezungen mit naganes in di hent!

To zog nit keyn mol az du geyst dem letstn veg,
Khotsh himlen blayene farshteln bloye teg,
Kumen vet nokh undzer oysgebenkte sho–
Es vet a poyk ton undzer trot–mir zaynen do!

זאָג ניט קיין מאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג,
כאָטש הימלען בלײַענע פאַרשטעלן בלויע טעג.
קומען וועט נאָך אונדזער אויסגעבענקטע שעה,
עס וועט אַ פּויק טאָן אונדזער טראָט — מיר זײַנען דאָ!

פון גרינעם פּאַלמענלאַנד ביז ווײַסן לאַנד פון שניי,
מיר קומען אָן מיט אונדזער פּײַן, מיט אונדזער וויי,
און ווּ געפאַלן ס'איז אַ שפּריץ פון אונדזער בלוט,
שפּראָצן וועט דאָרט אונדזער גבורה, אונדזער מוט.

עס וועט די מאָרגנזון באַגילדן אונדז דעם הײַנט,
און דער נעכטן וועט פאַרשווינדן מיטן פײַנד.
נאָר אויב פאַרזאַמען וועט די זון אין דעם קאַיאָר —
ווי אַ פּאַראָל זאָל גיין דאָס ליד פון דור צו דור.

דאָס ליד געשריבן איז מיט בלוט און ניט מיט בלײַ,
ס'איז ניט קיין לידל פון אַ פויגל אויף דער פרײַ,
דאָס האָט אַ פאָלק צווישן פאַלנדיקע ווענט
דאָס ליד געזונגען מיט נאַגאַנעס אין די הענט.

טאָ זאָג ניט קיין מאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג,
כאָטש הימלען בלײַענע פאַרשטעלן בלויע טעג.
קומען וועט נאָך אונדזער אויסגעבענקטע שעה —
עס וועט אַ פּויק טאָן אונדזער טראָט — מיר זײַנען דאָ!

## Never Say

Never say this is the final road for you,
Though leadened skies may cover over days of blue.
As the hour that we longed for is so near,
Our step beats out the message – we are here!

From lands so green with palms to lands all white
with snow,
We shall be coming with our anguish and our woe,
And where a spurt of our blood fell on the earth,
There our courage and our spirit have rebirth.

The early morning sun will brighten our day,
And yesterday with our foe will fade away.
But if the sun delays and in the east remains –
This song as password generations must maintain.

This song was written with our blood and not with
lead,
It's not a little tune that birds sing overhead,
This song a people sang amid collapsing walls,
With grenades in hands they heeded to the call.

Therefore never say the road now ends for you,
Though leadened skies may cover over days of blue.
As the hour that we longed for is so near –
Our step beats out the message – we are here!

Written in the Vilno ghetto, the song became the anthem of the underground resistance movement. Later it spread to other ghettos and partisan divisions. Today it is sung at all commemorative gatherings. It was written by Hirsh Glik (see note about author in *Shtil Di Nakht*). He set the words to a melody by the Russian composer Dmitri Pokrass.

*Moderato*

Shlof, mayn kind, shlof vi-der ru - ik ayn,
Sleep, my child, sleep qui-et - ly this time,

Biz di nakht un di le - vo - ne shaynt.
Till the night al-lows the moon to shine.

Oyf dem hi - ml glan - tsn shte-rn, Kuk nit, kind, oyf
In the sky the stars ap - pear, — Child, don't look up-

may-ne tre-rn, Shlof, mayn kind, shlof vider ru-ik ayn.
on my tears, — Sleep, my child, sleep qui-et-ly this time.



## Lid Fun Umbakantn Partizan

## ליד פון אומבאַקאַנטן פּאַרטיזאַן

Shlof, mayn kind, shlof vider ruik ayn,
Biz di nakht un di levone shaynt.
Af dem himl glantsn shtern,
Kuk nit, kind, af mayne trern,
Shlof, mayn kind, shlof vider ruik ayn.

Der tate vet shoyn mer nit kumen,
Men hot im fun undz tsugenumen.
Iber gasn im geshlept,
In gazkamern im dershtikt,
Shlof, mayn kind, shlof vider ruik ayn.

Du zolst di fonen hoykh heybn,
Geyn foroys mit festn gloybn,
Az men muz bafrayen shklafn,
Firn tsu a nayem hafn,
Firn tsu a nayer, frayer velt.

Shlof, mayn kind, shlof vider ruik ayn,
Biz di nakht un di levone shaynt.
Af dem himl glantsn shtern,
Kuk nit, kind, af mayne trern,
Shlof, mayn kind, shlof vider ruik ayn.

שלאָף, מײַן קינד, שלאָף ווידער רויִק אײַן,
ביז די נאַכט און די לבֿנה שײַנט.
אויף דעם הימל גלאַנצן שטערן,
קוק ניט, קינד, אויף מײַנע טרערן,
שלאָף, מײַן קינד, שלאָף ווידער רויִק אײַן.

דער טאַטע וועט שוין מער ניט קומען,
מען האָט אים פון אונדז צוגענומען.
איבער גאַסן אים געשלעפּט,
אין גאַזקאַמערן אים דערשטיקט.
שלאָף, מײַן קינד, שלאָף ווידער רויִק אײַן.

דו זאָלסט די פאָנען הויך הייבן,
גיין פאָרויס מיט פעסטן גלויבן,
אַז מען מוז באַפרײַען שקלאַפן,
פירן צו אַ נײַעם האַפן,
פירן צו אַ נײַער, פרײַער וועלט.

שלאָף, מײַן קינד, שלאָף ווידער רויִק אײַן,
ביז די נאַכט און די לבֿנה שײַנט.
אויף דעם הימל גלאַנצן שטערן,
קוק ניט, קינד, אויף מײַנע טרערן.
שלאָף, מײַן קינד, שלאָף ווידער רויִק אײַן.

## Song of an Unknown Partisan

Sleep, my child, sleep quietly this time,
Till the night allows the moon to shine.
In the sky the stars appear,
Child, don't look upon my tears,
Sleep, my child, sleep quietly this time.

Your dear father is forever lost,
Taken from us, bitter is the cost.
On a street was dragged and tied,
In a gas-chamber he died.
Sleep, my child, sleep quietly this time.

High you'll hold our flag one fine day,
With conviction you will lead the way,
Say that people must be free,
Rouse mankind and let them see
That there is a better, freer world.

Sleep, my child, sleep quietly this time,
Till the night allows the moon to shine.
In the sky the stars appear,
Child, don't look upon my tears,
Sleep, my child, sleep quietly this time.

This song was sung in the Kaunas and Vilno ghettos, as well as Transnistria. It was adapted from an earlier Yiddish song about the Spanish Civil War as well as from a worker's song. Author and composer unknown.

*Moderato*

CM FM CM

S'far - shvindt nit de nakht un der tog kumt nit on, A
The night does not end, the day does not dawn, A

GM Bb7

blu - ti - ke koyl vert di erd shoyn. A
blood-ied world spins in mo - men - tum.

Eb Ab Eb

yid fla - tert oyf vi a shtur - mi - she fon, A
Jews flut - ter high as flags in a storm,

G G7

fon i - nem tol fun di mey - sim. A
Flags in the val - ley of phan - toms.

CM Ab CM FM

yid fla - tert oyf vi a shtur - mi - she fon, A
Jews flut - ter high as__ flags in a storm,

G CM

fon i - nem tol fun di mey - sim.
Flags in the val - ley of phan - toms.



## Varshe  וואַרשע

S'farshvindt nit di nakht un der tog kumt nit on,
A blutike koyl vert di erd shoyn.
A yid flatert uf vi a shturmishe fon
A fon inem tol fun di meysim.

In khurves dos geto, di yidn-in shlakht
Der yid shprayzt durkh roykh un durkh flamen,
-Nekome! nekome!-es sturemt di nakht,-
Far kinder, far tates, far mames!

Der shney shit un shit un di erd vert nit vays
Es halt nokh dos blut in eyn zidn.
Es ruft nokh nekome af shneyikn ayz.-
Dos blut fun di heldishe yidn.

Keyn tog vet nit zayn,-ruft der yid-un keyn nakht.
Mir veln di velt nit fargebn!
Di velkhe zaynen gefaln in shlakht,
Eybik in undz veln lebn!

Mir veln gedenken dem vey un dem mut,
Es fibert in gli di neshome.
Krits oys zikh in hartsn dray verter fun blut:
Nekome! Nekome! Nekome!

ס׳פֿאַרשווינדט ניט די נאַכט און דער טאָג קומט ניט אָן,
אַ בלוטיקע קויל ווערט די ערד שוין.
אַ ייִד פֿלאַטערט אויף ווי אַ שטורמישע פֿאָן,
אַ פֿאָן אינעם טאָל פֿון די מתים.

אין חורבות דאָס געטאָ, די ייִדן — אין שלאַכט,
דער ייִד שפּרייַזט דורך רויך און דורך פֿלאַמען,
— נקמה! נקמה! — עס שטורעמט די נאַכט, —
פֿאַר קינדער, פֿאַר טאַטעס, פֿאַר מאַמעס!

דער שניי שיט און שיט און די ערד ווערט ניט ווייַס,
עס האַלט נאָך דאָס בלוט אין איין זידן,
עס רופֿט נאָך נקמה אויף שנייִיקן אייַז, —
דאָס בלוט פֿון די העלדישע ייִדן.

קיין טאָג וועט ניט זייַן, — רופֿט דער ייִד — און קיין נאַכט,
מיר וועלן די וועלט ניט פֿאַרגעבן!
די וועלכע זייַנען געפֿאַלן אין שלאַכט,
אייביק אין אונדז וועלן לעבן!

מיר וועלן געדענקען דעם וויי און דעם מוט,
עס פֿיבערט אין גלי די נשמה,
קריץ אויס זיך אין האַרצן דרייַ ווערטער פֿון בלוט:
נקמה! נקמה! נקמה!

## Warsaw

The night does not end, the day does not dawn,
A bloodied world spins in momentum.
Jews flutter high as flags in a storm,
Flags in the valley of phantoms.

In ruins the ghetto - in slaughter the Jew,
He marches through flame and through fire,
Vengeance, yes vengeance - the night echoes too,
For children, for fathers, for mothers!

The snow falls and falls, yet the earth is not white,
The blood that it holds ever seething,
The snow and the ice call for vengeance to right
The torture of Jews and their bleeding.

There will be no day - calls the Jew - and no night,
The world never will be forgiven!
They who are lost, those who fell in the fight,
In us will forever be living!

We will remember the courage and pain,
Our souls filled forever with fervor,
And deep in our bloodstained heart chisel three words:
For vengeance! for vengeance! for vengeance!

Words written on the first anniversary of the Warsaw ghetto uprising in 1944 by poet-partisan S. Kaczerginski (see note about author in *Friling*). The music is by Leon Wajner (1898), pianist, composer, conductor and teacher. Wajner survived the war and settled in Buenos Aires, where he was active in Yiddish cultural life.

Con spirto

D7 G E7

Un-dzer lid iz ful mit troy-er, — Dreyst iz
Our — song is filled with griev-ing, — Bold our

Am A7 D D7 G

un-dzer mun-ter-gang, Khotsh der soy-ne
step we march a-long, Though the foe the

E7 Am D7

vakht baym toy-er, — Shtu-remt yu-gnt mit ge-
gate-ways watch-ing, — Youth comes storm-ing with their

G D7 G

zang: Yung iz ye-der, ye-der, ye-der ver es vil nor,
song: Young are they, are they, are they whose age won't bind them,

D7 G B dim. E7

yo-rn ho-bn keyn ba-tayt, Al-te
years don't real-ly mean a thing, Eld-ers

Am E7 Am C G A9

ke-nen, ke-nen, ke-nen oykh zayn kin-der fun a nay-er
al-so, al-so, al-so can be child-ren in a new-er

D7 G

fray-er tsayt.
fre-er spring.



## Yugnt-Himen — יוגנט־הימען

Undzer lid iz ful mit troyer,
Dreyst is undzer muntergang.
Khotsh der soyne vakht baym toyer,
Shturemt yugnt mit gezang:

Yung iz yeder, yeder, yeder ver es vil nor,
Yorn hobn keyn batayt,
Alte kenen, kenen, kenen oykh zayn kinder
Fun a nayer, frayer tsayt.

Ver es voglt um af vegn.
Ver mit dreystkeyt s'shtelt zayn fus
Brengt di yugnt zey antkegn
Funem geto a gerus.

Yung iz yeder...

Mir gedenken ale sonim.
Mir dermonen ale fraynd.
Eybik veln mir farbindn
Undzer nekhtn mitn haynt.

Yung iz yeder...

Klaybn mir tsunoyf di glider.
Vider shtoln mir di rey.
Geyt a boyer, geyt a shmider.–
Lomir ale geyn mit zey!

Yung iz yeder...

אונדזער ליד איז פול מיט טרויער
דרייסט איז אונדזער מונטער־גאַנג
כאָטש דער שׂונא וואַכט בײַם טויער, —
שטורעמט יוגנט מיט געזאַנג:

יונג איז יעדער, יעדער, יעדער ווער עס וויל נאָר,
יאָרן האָבן קיין באַטײַט,
אַלטע קענען, קענען, קענען אויך זײַן קינדער
פון אַ נײַער, פרײַער, צײַט.

ווער עס וואָגלט אום אויף וועגן,
ווער מיט דרייסטקייט ס׳שטעלט זײַן פוס,
ברענגט די יוגנט זיי אַנטקעגן
פונעם געטאָ אַ גערוס.

יונג איז יעדער...

מיר געדענקען אַלע שׂונאים,
מיר דערמאָנען אַלע פרײַנד,
אייביק וועלן מיר פאַרבינדן
אונדזער נעכטן מיטן הײַנט.

יונג איז יעדער...

קלײַבן מיר צונויף די גלידער,
ווידער שטאָלן מיר די ריי.
גייט אַ בויער, גייט אַ שמידער, —
לאָמיר אַלע גיין מיט זיי...

יונג איז יעדער...

## Hymn of Youth

Our song is filled with grieving, –
Bold our step, we march along,
Though the foe the gateway's watching, –
Youth comes storming with their song:

Young are they, are they, are they
whose age won't bind them,
Years don't really mean a thing,
Elders also, also, also, can be children
In a newer, freer spring.

Those who roam upon the highways,
Those whose step with hope is strong,
From the ghetto youth salutes them
And their greetings send along.

Young are they. . .

We remember all our tyrants,
We remember all our friends,
And we pledge that in the future
Our past and present blend.

Young are they. . .

So we're girding our muscles,
In our ranks we're planting steel,
Where a blacksmith, builder marches, –
We will join them with our zeal!

Young are they. . .

This song written by S. Kaczerginski (see note about author in *Friling)*. was dedicated to the children's and youth club in the Vilno ghetto. Composer is Bayse Rubin who is believed to have survived the war.

## Itsik Vitnberg איציק וויטנבערג

*Moderato*

Dm Gm Dm
S'ligt er - gets far - tay - et Der faynd vi a khay - e, Der
Some - where crouch - ing, hid - ing The foe beast - like bid - ing The

Bb C7 F A7
mau - zer er vakht in mayn hant Nor
mau - zer keeps watch in my hand. Sud - den -

Dm C7 F Cm D7 Gm
plu - tsem ge - sta - po, Es firt a ge - shmid - tn Durkh
ly the ge - sta - po Leads one whom they've trapped oh! Through

Dm A7 Dm
fints - ter - nish dem ko - men - dant.
dark - ness it's our com - man - dant.

Somewhere crouching, hiding
The foe, beastlike, biding,
The mauzer keeps watch in my hand –
Suddenly the Gestapo
Leads one whom they've trapped oh!
Through darkness, it's our commandant.

With lightning the night
Tears the ghetto with fright,
There's danger about and fears mount.
Dear friends so devoted,
Chains must be exploded,
And vanish must our commandant.

Night faded, it tore us,
As death stood before us,
The ghetto in fever did pant.
In turmoil the ghetto –
Commands the Gestapo:
It's death or it's your commandant.

Then spoke up our Itsik
As quick as a blink is
"I must heed this edict, that's clear.
I'll not forfeit your lives
To the tyrants' cruel knives."
To death he goes without fear.

Again, crouching, hiding
The foe, beastlike, biding,
Again mauzer guards in my hand.
Now you're dear to me,
My savior you must be,
Now you must be my commandant.

S'ligt ergets fartayet
Der faynd vi a khaye,
Der mauzer er vakht in mayn hant,
Nor plutsem geshtapo.
Es firt a geshmidtn
Durkh fintsternish dem komendant.

Di nakht hot mit blitsn
Dos geto tserisn,
"Gefar!"-shrayt a toyer, a vant.
Khaveyrim getraye
Fun keytn bafrayen
Farshvindn mit dem komendant.

Di nakht iz farfloygn,
Der toyt far di oygn.
Dos geto es fibert in brand.
In umru dos geto.
Es drot di geshtapo:
"Toyt,-oder dem komendant!"

Gezogt hot dan Itsik
Un durkh a blits iz-
"Ikh vil nit ir zolt tsulib mir
Darfn dos lebn
Dem soyne opgebn". . .
Tsum toyt geyt shtolts der komandir!

Ligt vider fartayet
Der faynd vi a khaye,
Vakhst vider, mayn mauzer, in hant,
Itst bist mir tayer.
Zay du mayn bafrayer.
Zay du itster mayn komendant!

ס'ליגט ערגעץ פֿאַרטײַעט
דער פֿײַנד ווי אַ חיה,
דער מאַוזער ער וואַכט אין מײַן האַנט,
נאָר פּלוצעם געשטאַפּאָ,
עס פֿירט אַ געשמידטן
דורך פֿינצטערניש דעם קאָמענדאַנט.

די נאַכט האָט מיט בליצן
דאָס געטאָ צעריסן,
געפֿאַר — שרײַט אַ טויער, אַ וואַנט.
חברים געטרײַע
פֿון קייטן באַפֿרײַען,
פֿאַרשווינדן מיט דעם קאָמענדאַנט.

די נאַכט איז פֿאַרפֿלויגן,
דער טויט פֿאַר די אויגן,
דאָס געטאָ עס פֿיבערט אין בראַנד.
אין אומרו דאָס געטאָ,
עס דראָט די געשטאַפּאָ:
טויט — אָדער דעם קאָמענדאַנט!

געזאָגט האָט דאַן איציק —
און דורך אַ בליץ איז —
"איך וויל ניט איר זאָלט צוליב מיר
דאַרפֿן דאָס לעבן
דעם שׂונא אָפּגעבן"...
צום טויט גייט שטאָלץ דער קאָמאַנדיר!

ליגט ווידער פֿאַרטײַעט
דער פֿײַנד ווי אַ חיה,
וואַכסט ווידער, מײַן מאוזער, אין האַנט,
איצט ביסט מיר טײַער,
זײַ דו מײַן באַפֿרײַער,
זײַ דו איצטער מײַן קאָמענדאַנט!

On July 16, 1943 the Gestapo arrested Itsik Vitnberg, the commander of the partisan forces in the Vilno ghetto. A group of partisans freed him on the way to prison. The next day the Gestapo threatened to liquidate the entire ghetto population if Vitnberg did not surrender. To avert the imminent bloodbath, Vitnberg sacrificed his life and surrendered. Words are by S. Kaczerginski (see note about author in *Friling*); the melody is based on a Russian song.

## Shtil Di Nakht    שטיל די נאַכט

*Moderato*

Dm Gm A7 Dm
Shtil, di nakht iz oys-ge-shte - rnt,
Still the night, and full of star - light,
F B♭ F A7
Un der frost, er hot ge - brent; Tsi ge-
And the frost burned on the land; Do
B♭ D7 Gm D7 Gm Dm
denk - stu vi ikh hob dikh ge - le - rnt
you still re-mem-ber how I taught you To
Gm6 Am7 A7 Dm
Hal - tn a shpay - er in di hent. Tsi ge-
hold a re- vol - ver in your hand. Do
Dm
hent.
hand.

## Still the Night

Still the night, and full of starlight,
And the frost – burned on the land;
Do you still remember how I taught you
To hold a revolver in your hand?

A girl, a sheepskin and a beret,
In her hands she holds a gun,
A girl with her face as smooth as velvet
Keeps watch of the enemy's caravan.

An aim, a shot right on the target,
Her small pistol had reached its mark,
An auto filled high with ammunition
Her shot had stopped it in the dark.

At dawn she crept out of the woodland,
With snowy garlands in her hair,
Encouraged by her little victory
For our future freer heirs.

Shtil, di nakht iz oysgeshternt,
Un der frost–er hot gebrent;
Tsi gedenkstu vi ikh hob dikh gelernt
Haltn a shpayer in di hent.

A moyd, a peltsl un a beret,
Un halt in hant fest a nagan,
A moyd mit a sametenem ponim
Hit op dem soynes karavan.

Getsilt, geshosn un getrofn
Hot ir kleyninker pistoyl,
An oyto, a fulinkn mit vofn
Farhaltn hot zi mit eyn koyl.

Far tog, fun vald aroysgekrokhn,
Mit shney–girlandn af di hor,
Gemutikt fun kleyninkn nitsokhn
Far undzer nayem, frayen dor.

שטיל די נאַכט איז אויסגעשטערנט
און דער פראָסט — ער האָט געברענט;
צי געדענקסטו ווי איך האָב דיך געלערנט
האַלטן אַ שפּײַער אין די הענט.

אַ מויד, אַ פּעלצל און אַ בערעט,
און האַלט אין האַנט פעסט אַ נאַגאַן,
אַ מויד מיט אַ סאַמעטענעם פּנים
היט אָפּ דעם שׂונאס קאַראַוואַן.

געצילט, געשאָסן און געטראָפן
האָט איר קלייניקער פּיסטויל,
אַן אויטאָ אַ פולינקן מיט וואָפן
פאַרהאַלטן האָט זי מיט איין קויל.

פאַר טאָג פון וואַלד אַרויסגעקראָכן,
מיט שניי־גירלאַנדן אויף די האָר,
געמוטיקט פון קליינינקן נצחון
פאַר אונדזער נײַעם, פרײַען דור.

This song was written by Hirsh Glik (1922–1944) in 1942 after partisans blew up a German convoy of trucks. A member of the literary group of young poets, Yungvald, before the war, Glik was imprisoned in a concentration camp in Estonia and was killed by the Germans in 1944. Composer unknown.

Moderato

Es shlogt di sho, Mir zay - nen
The hour ___ strikes, We've braved the

do, Mir ku - kn in di vay - tn. ___
night, We're look - ing towards to - mor - row. ___

S'vert der hi - ml vi - der
The hea - vens once a - gain are

blo, S'ku - men nay - e tsay - tn. ___
bright, New days will have no sor - rows. ___

Un khotsh der - vayl iz fints - ter
And e - ven though it's dark as

shtok, Var - tn mir ge - dul - dik, ___
pitch, We're wait - ing with en - dur - ance, ___

Es kumt der tog, es shlogt di
The day ar - rives, the hour ___

sho ___ Dan falt der, ver s'iz shul - dik. ___
strikes — The end for guilt - y ___ ty - rants. ___

## The Hour Strikes

The hour strikes,
We've braved the night,
We're looking towards tomorrow.
The heavens once again are bright,
New days will have no sorrows.
And even though it's dark as pitch,
We're waiting with endurance,
The day arrives, the hour strikes -
The end for guilty tyrants.

# Es Shlogt Di Sho — עס שלאָגט די שעה

Es shlogt di sho,
Mir zaynen do,
Mir kukn in di vaytn.
S'vert der himl vider blo,
S'kumen naye tsaytn.
Un khotsh dervayl iz fintster–shtok.
Vartn mir geduldik,
Es kumt der tog, es shlogt di sho–
Dan falt der, ver s'iz shuldik.

עס שלאָגט די שעה,
מיר זײַנען דאָ,
מיר קוקן אין די ווײַטן.
ס'ווערט דער הימל ווידער בלאָ,
ס'קומען נײַע צײַטן.
און כאָטש דערווײַל איז פינצטער־שטאָק,
וואַרטן מיר געדולדיק,
עס קומט דער טאָג, עס שלאָגט די שעה —
דאַן פאַלט דער, ווער ס'איז שולדיק.



This song was part of a revue *Moyshe Halt Zikh,* performed in the Vilno ghetto in September, 1943. Words are by Kasriel Broydo (see note about author in *Geto*). Composer unknown.

Moderato

Dm — Gm6

Es hot undz dos le - bn ge - ru - fn, Dos

In the past it was life that beck - oned,

A7 — Dm

le - bn fun zu - ni - ke teg. Hot

Life filled with bright sun - ny days. And

Cm6 — D7 — Gm — D7 — Gm

ye - der in land, a - zoy mun - ter ge - shpant Un ba -

so one and all with - out thought or re - call, Went

E7 — A7 — Dm

zun - der ge - gan - gen in veg. Tsu

gai - ly their own sep - a - rate ways. It's

Dm — Gm6

eyns, tsvey, dray, Tsu eyns, tsvey, dray, Af

one, two, three, — It's one, two, three,

Cm6 — D7 — Gm

ar - bet in veg zikh ge - lozt, ye - der

Walk - ing to work, time would fly, E - very

Gm — Dm — B♭

trot hot zayn klang, ye - der veg zayn ge - zang, Ven du

step ring - ing strong, E - very road has it's song, When you

A7 — Dm

veyst vu du geyst un far vos.

know where you're go - ing and why.

## It's One, Two, Three

In the past it was life that beckoned,
Life filled with bright sunny days.
And so one and all, without thought or recall,
Went gaily their own separate ways.
It's one, two, three,
It's one, two, three,
Walking to work, time would fly,
Every step ringing strong,
Every road had it's song,
When you know where you're going and why.

Forbidden for us now the sidewalk,
Though others go at will, and free,
And we, you must know,
On the stone roadway go,
Under whiplash and brutality.
It's one, two, three,
It's one, two, three,
The roadway is where we pass by.
The step's far from strong,
With a difference in song,
When you're going without knowing why.

The old people and the young ones
Built lives hoping joy lay ahead,
When a sharp sword was hurled,
Wiping dreams from the world
And like the poor sheep we were led.
It's one, two, three,
It's one, two, three,
Treated like sheep we stood by,
Where's your child, where's your wife?
Where's the reason for life?
No one knows the wherein or the why.

But brother, a new kind of rhythm
Will bring to your ear a new song,
And the one, who in fear
Hid, afraid to come near,
Will be marching with us
Right along.
It's one, two, three,
It's one, two, three,
To alleys and gateways good-bye!
Every step ringing strong
Brings a far different song,
When you go and you now know the why.

